# מגילת אסתר



בווילנא

שנת תש״ף לפ״ק

# מגילת אסתר

## אויף אַ ליטווישן ייִדיש

מתורגם לשפה היהודית המורגלת בפלך ווילנא ובפרט במזרחו, מאת הד"ם:
הירשע=דוד מעינקעס



צום אייביקן אָנדענק פון בעל=מתרגמס מאַמע

## רבקה קאַץ

רבקה בת הערשל פעלדמאַן (איש קאַמעניץ פּאָדאָלסק, אויפן פּילווערק)
און
קלאַרע ליבערמאַן פעלדמאַן (אשת ברוקלין)

געבאָרן אין ברוקלין, ניו=יאָרק, ראש השנה תרפ"ב
נפטר געוואָרן אין פלאָרידע, ניין=און=צוואַנציק טעג אין חשוון תש"ף




# בווילנא

שנת תש"ף לפ"ק

# THE BOOK OF ESTHER

Translated from Biblical Hebrew into Lithuanian Yiddish (Litvish)
by Dovid Katz

Published in memory of the translator's mother, the artist and teacher

Rivke Katz

(Ruth Feldman Katz)

(1921-2019)

[http://dovidkatz.net/rivke/rivke_paintings.htm]

# ESTEROS KNYGA

Iš biblinės hebrajų kalbos į lietuviškąjį jidiš (litviš) dialektą vertė
Dovid Katz (Dovydas Kacas)

Skiriama vertėjo motinos, menininkės ir mokytojos

Rivke Katz

(Ruth Feldman Katz)

(1921–2019)

atminimui

Book design and project management: Grigory Zundelovitch
Front cover illustration: Giedrė Beconytė
Back cover illustration: Rivke Katz

Knygos dizaineris ir projekto vadovas: Grigorijus Zundelovičius
Priekinio viršelio iliustratorė: Giedrė Beconytė
Galinio viršelio iliustratorė: Rivke Katz

www.dovidkatz.net



Vilnius 2020

# לֿעין הקורא

אין אָט דעם תרגום אסתר לֿייענט זיך וי — [עי]; בשעת ווען וֹי לֿייענט זיך — [אָי], אַזוי אַרומעט אַז דער וואָס הערט ניט איז טויב [טעיב], בעת אַ טוֹיב [טאָיב] פלֿיט אַזש אין הימלֿ. דאָס איז גערעדט געוואָרן וועגן ווערטער וואָס שטאַמען ניט פון לֿשון קודש אָדער אַראַמיש; ביַי די ווערטער פון סעמיטישן אָפּשטאַם, איז עס בדרך כלֿלֿ [עי] אין אָפענע טראַפּן (סוחר [סעיכער], סודות [סעידעס]); [אָ] אין פאַרמאַכטע טראַפּן (סוחרים [סאָכרים], סוד [סאָד]).

# דעם בעלֿ⸗מתרגמס אַ יישר⸗כח

אַ יישר⸗כח: מיכאלֿ בן ראובן מאַסאַרסקי (ניו⸗יאָרק) פאַר זיַינע וויכטיקע עצות און תיקונים. די פולֿע אחריות פאַר טעותן און חסרונות טראָגט דער בעלֿ⸗מתרגם אַלֿיין.

אַ דאַנק אויך: סטענלֿי (שמואלֿ) באַרקאַן (מעריק, ניו⸗יאָרק); דניאלֿ גלֿאי (תלֿ אביב); דוד דזשאַנאָגלֿי (לֿאָנדאָן); שיקע וואָלֿק (סאַנטאַ מאָניקאַ, קאַלֿיפאָרניע); לֿעאָנאַרד (יהודה⸗לֿייב) זאַקס (ווילֿנע); יעקב זיסער (פּעטערבורג); שאולֿ טשאַפּניק (האַלֿנדייל ביטש, פלֿאָרידע); וויקטאָריע יאַגניעטינסקי יוסע (ווילֿנע); יולֿיוס (יואלֿ) נאָרווילֿאַ (ווילֿנע); וויוויען פעלֿזען (טאָראָנטאָ); יונתן פעלֿענדער (ירושלֿים); אַנדריוס קולֿיקאַוסקאַס (ווילֿנע); הרב אַבְֿרֶמִי קיעוומאַן (לֿיווערפּולֿ); וויקטאָריע ראַטקעוויטש (מאַלֿאַט, לֿיטע); און אַ גאָר באַזונדערן יישר⸗כח יולֿיטשקע רעץ (פּעטערבורג) פאַרן לֿייענען קאָרעקטור און שטעלֿן אינטערעסאַנטע קשיות.







אַזוי, אָט אין די יאָרן פון אֲחַשְׁוֵרוֹשְׁן, אָדאָס איז דאָך דער אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ וואָס קיניגט פון הוֹדוּ אַזש ביזקל כּוּשׁ, אַ קיימא=לן הונדערט מיט צוואַנציק=זיבן מדינות. [ב] יענע יאָרן, דער מלך אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ זיצט זיך אַפן כסא המלכות אַוואָס אין שׁוּשַׁן הַבִּירָה, [ג] אין דריטן יאָר פון זײַן קיניגן, ער מאַכט אַ הוליאַנקע פאַר אַלע זײַנע הויכע לײַט און אַרבעטער, די חיילות פון פּערסיע און מָדַי, מיט די פַּרְתְּמִים און די שָׂרִים פון די מדינות וואָס פאַר עם, [ד] באַם אוֹיספּײַנען זיך מיטן עשירות פון רומשאַפּט פונעם מלכות, און מיט די טײַערשאַפּט פון די שיינקײַט פון זײַן גרויסשאַפּט, אַף אַ סך טעג, אַזש הונדערט אַכציק טעג.

[ה] באַם אָפּענדיקן אָטאָ די טעג האָט דער מלך געמאַכט פאַרן גאַנצן עולם אַוואָס געפינט זיך אין שׁוּשַׁן הַבִּירָה, פונעם גרעסטן אַזש ביזקל דעם קלענסטן, נאָך אַ הוליאַנקע פון זיבן טעג אינעם הויף פונעם גאָרטן באַם מלכס פּאַלאַץ, מיט [ו] ווײַס=לײַוונט, פּראַכט=באַוול און בלאָ=וואָל, צונויפגעשטריקט פון שנורן פונעם

איידלסטן פלאַקס־שטאָף, פורפורנע, אַף זילבערנע שטעקעלעך און זײַלן פון מאַרמור. די אָנלען־בעטעלעך זײַנען פון גאָלד און זילבער געווען, די פּאַדלאָגע — פון אַלאַבאַסטער און מאַרמלשטיין, פון פערלמוטער, און פּראַכט־מאַרמל. (ז) טרינקען האָט מען דערלאַנגט אין גאָלדערנע כלים, פאַרשיידנאַרטיקע כלים, דעם מלכותדיקן וויַן, פילאַרטיק, כְּיַד הַמֶּלֶךְ. (ח) און דער טרינקען איז געווען מיט אַ מאָס, קיינער האָט ניט געניײט, ווײַלע אָט אַזויאָ האָט אײַנגעפונדעוועט דער מלך אַף די אַלע הויפּטלײַט פון זײַן הויזגעזינד, צו מאַכן ווערליק דעם רצון פון אַיעדער־איטלעכן.



(ט) אויך די מלכה וַשְׁתִּי האָט געמאַכט — אַ ווײַבערשע הוליאַנקע, אינעם בֵּית הַמַּלְכוּת אַוואָס באַם מלך אחשוורוש. (י) אין זיבעטן טאָג, אַז אַפּן האַרצן באַם מלך איז גוט געווען, מיטן וויַן, האָט ער אַ זאָג געטאָן מְהוּמָנען, בִּזְּתָאן, חַרְבוֹנָאן, בִּגְתָאן, אֲבַגְתָאן, זֵתַרן, און כַּרְכַּסן, די זיבן סריסים וואָס באַדינען פון פאַרן מלך אחשוורוש, (יא) אַף צו ברענגען וַשְׁתִּי־הַמַּלְכָּהן, מיטן מלכותדיקן קרוין, אַף צו באַווײַזן די פעלקער מיט די שָׂרִים איר שיינקײַט, זי איז דאָך אַ קראַסאַוויצע געווען. (יב) גייט וַשְׁתִּי און זאָגט זיך אָפּעט פון קומען לויטן מלכס וואָרט, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן אין האַנט פון די סריסים. דער מלך איז זייער אין כעס געוואָרן. דער גרימצאָרן באַ עם האָט אונטערגעברענט. (יג) האָט דער מלך געגומען פרעגן באַ די חכמים, די קענער פון די צײַטן — מחמת אָט אַזויאָ איז געווען דעם מלכס שטייגער לגבי אַלע קענער פון דָּת־און־דִּין. (יד) האַרט נאָענט באַ עם זײַנען געווען: כַּרְשְׁנָא, שֵׁתָר, אַדְמָתָא, תַּרְשִׁישׁ, מֶרֶס, מַרְסְנָא, און מְמוּכָן, די זיבן שָׂרִים פון פּערסיע און מָדַי, פּנים־קוקער באַם סאַמעראָדנעם מלך, וואָס זיצן אויבנאָן אין מלכות:

(טו) „לויטן דין — וואָס זאָל מען מאַכן מיט ושתי־המלכהן, אַלמאַי זי האָט ניט געטאָן לויטן זאָג פונעם מלך אחשוורוש, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן אַדורך די סריסים?“

(טז) האָט מְמוּכָן געטאָן ענטפערן פון פאַרן מלך מיט די שָׂרִים:
„ניט נאָר דעם מלך אַליין האָט זי באַעוולט, די וואַסטע־המלכה, נאָר וואָדען די אַלע שָׂרִים און נאָכמער די אַלע אומות אַוואָס אין די אַלע

מדינות וואָס באַם מלך אַכעסווייריסן! (יז) ס׳באַדאַרף מערניט אַרויש אַזאַ מין וואָרט פון די מלכה צו די אַלע ווײַבער אַף צו מאַכן לעכערלעך זייערע מענער באַ זשיך אין די אויגן, אַז זיי וועלן אַרומגיין און זאָגן:

„אָט! אַכעסווייריס־הַמֶּלֶךְ האָט געהייסן ברענגען פאַר עם די וואַסטע־הַמַּלְכָּהן — און זשי קומט ניט! (יח) אַז נאָך אין זעלביקן טאָג וועלן די באַלעבאָסטעס פון פערסיע און מָדַי וואָס דערהערן די רייד פון די מלכהן, פונקט אָט אַזויאָ אַ זאָג טאָן די אַלע שָׂרִים פון מלך, ס׳עט גאָרניט קלעקן אַף בזָיון מיט ירגָזון! (יט)

„אויבע דער מלך האַלט עס פאַר אַ גוטן אײַנפאַל, טאָ זאָל אַרויס אַן אוקאַז, אַ מלוכהסער, פון פאַר עם, און ס׳זאָל ממש אַרײַנגעסריבן ווערן אין די געזשעטשן פון פערסיע מיט מָדַי, מ׳זאָל ניט עובר זײַן, אַז די וואַסטע זאָל מער ניט אַרײַן צום מלך. די גאַנצע מלכות אירע זאָל דער מלך אָפּגעבן אירער אַ געזעלין וואָס איז בעשער פאַר איר. (כ) און אַז דעם מלכס פּריקאַז ׳עט געהערט ווערן, ווי אַזוי מ׳זאָל האַנדלען איבער גאָר זײַן מלכות, אַווי גרויס זי זאָל ניט זײַן — אָט וועלן די אַלע ווײַבער כבוד אָפּגעבן, אואוואַזשאַיען די מענער זייערע, פונעם גרעשטן און אַזש ביזקל דעם קלענשטן.“



(כא) די זאַך האָט זיך גראָד פאַררעכנט פאַר אַ גוטע באַם מלך אין די אויגן, און באַ די שָׂרִים, און דער מלך האָט געמאַכט וועדליק מְמוּכָן׳ס עצות, (כב) און ער האָט בריוו געשיקט אין די אַלע מדינות וואָס באַם מלך: אַ מדינה אַ מדינה לויט איר שריפט, אַ פאָלק און אַ פאָלק לויט זײַן לשון, אַזוי אַרומעט אַז יעדער מאַן זאָל באַ זיך אין שטוב אַ באַלעבאָס זײַן.

און אַלציקעדינג ריידנדיק מיטן לשון פון איטלעכן פאָלק.









די אַלע זאַכן, אַז ס’האָט זיך באַם מלך אחשוורוש דער גרימצאָרן איינגערואיקט, האָט ער זיך דערמאָנט אין וַשְׁתִּין, אין דעם וואָס זי האָט אָפּגעטאָן, און אין דעם וואָס איר איז אָפּגעמשפּט געוואָרן. [ב] און די בחורים וואָס באַם מלך, וואָס באַדינען עם, האָבן עם אַ זאַג געטאָן:

„אי’זאָל מען דעם מלך אויסזוכן מיידלעך בשולות, קראַסאַוויצעס, [ג] און זאָל דער מלך באַשטימען נאַטשאַלניקעס אין די אַלע מדינות וואָס אין זײַן מלכות, און זיי וועלן זאַמלען אַיעדע מיידל אַ בשולה וואָס זי איז אַ שיינהײַט, אַף שׁוּשַׁן הַבִּירָה צום בֵּית הַנָּשִׁים, אין רסוּת באַ הֵגֶאן, דעם מלכס סריס, וואָס איז דער סיימער איבער די ווײַבער, און זייערע קעשטלעכע סמירעכצער ט’מען זיי דערלאַנגען. [ד] און אָטאָ די מיידל וואָס’עט זײַן די בעשטע אין די אויגן פונעם מלך וועט קיניגן אַפן אָרט פון די וואַסטין!“

די זאַך איז דעם מלך דווקא וואוילגעפעלן געווען, און ער האָט אָט אַזויאָ געמאַכט.



(ה) אַ געוויסער איד האָט גראַדע דאַמאָלסט געלעבט אין שׁוּשַׁן הַבִּירָה, און געהייסן האָט ער מָרְדְּכַי, דער זון פון יָאִיר־בֶּן־שִׁמְעִין, אַ זון פון קִישׁ דעם בֶּנְיָמִינער, (ו) וואָס איז פון ירושלים פאַרשיקט געוואָרן אין גלות אינאיינעם מיט די פאַרשיקטע מיט יְכָנְיָהן, מלך יהודה, אַוואָס ס'האָט פאַרשיקט אין גלות נְבוּכַדְנֶאצַּר מֶלֶךְ בָּבֶל. (ז) און ער האָט געהאָדעוועט הֲדַסָּהן, אַזי איז אֶסְתֵּר, די טאָכטער פון זײַן פעטער, ווײַלע באַ איר זײַנען קיין טאַטע־מאַמע ניט געווען. און די מיידל איז אַ פאַרשיין אַ יפהפיה. אַז ס'זײַנען באַ איר געשטאָרבן דער טאַטע און די מאַמע האָט איר מרדכי גענומען פאַר אַ טאָכטער צו זיך.

(ח) איז געווען אַזוי. אַז דער וואָרט פונעם מלך און זײַן אוקאַז האָבן זיך פאַרשפרייט, און אַ פולע מיידלעך האָבן זיך גענומען זאַמלען אין שושן הבירה אַדורך הֵגַיען. אויך אסתר איז גענומען געוואָרן אינעם בית המלך אַדורך הֵגַי, ער איז געווען דער שׁוֹמֵר הַנָּשִׁים. (ט) און די מיידל האָט חן געפונען באַ עם אין די אויגן, און זי האָט באַ עם צוגעצויגן גענאָד. ער האָט זיך געאײַלט איר געבן די קעסטלעכע שמירעכצער, מיט אירע אָפּגאָבן פון מאָלצײַטן, איר צו געבן די זיבן בחורטעס די צוגעשטעלטע צו איר, געגעבן צו ווערן אַדורכן בֵּית הַמֶּלֶךְ. סײַ איר סײַ אירע בחורטעס האָט ער העלטער געהאַט לטובה־וועגן אינעם בֵּית הַנָּשִׁים. (י) אסתר האָט ניט אוֹיסגעזאָגט פון וואָס פאַראַ פאָלק און שורש איז זי פאָרט, ווײַלע מרדכי האָט איר בפירוש געהייסן זי זאָל ניט אוֹיסזאָגן.

(יא) טאָג־אײַן טאָג־אוֹיסעט פלעגט זיך מרדכי אַרומשפּאַצירן פון פאַרן הויף פונעם בֵּית הַנָּשִׁים, אַף געוואָר ווערן וואָס ס'מאַכט אסתר, און וואָס וועט מיט איר געטאָן ווערן.

(יב) און אַוועט ס'איז געגאַנגען די ריי פון די מיידל און נאָך אַ מיידל, איטלעכע זאָל צום מלך אחשוורוש אַרײַנגיין — אָדאָס איז צום סוף נאָכדעם ווי באַ איר איז געווען, לויטן שטייגער באַ די פרויען, די צוועלף חדשים ביזקל וואַנענט

ס'ווערט זיי דערגאַנצט די טעג פון זייערע קעסטלעכע באַשמירעכצער: זעקס חדשים שֶׁמֶן מירע, און זעקס חדשים שֶׁמֶן בְּשָׂמִים; און מיט ווייַבערשע זאַלבונגען אַלערלייאיקע. (יג) דאַמיט וואָלט אַ מיידל קומען צום מלך, קומענדיק מידאַמיט פונעם בית הנשים ביזקל אין בית המלך אַרײַן.

(יד) איז זי יענעם אָוונט געקומען. אינדערפרי האָט זי זיך אומגעקערט, שוין אינעם צווייטן בית הנשים, באַ שַׁעַשְׁגַּזְן דעם מלכס סריס, שומר פון די פִּילַגְשִׁים; זי וואָלט ניט קומען ווײַטער צום מלך סײַדן עם פאַרוועלט זיך אין איר, און זי ווערט דאַמאָלסט אַרויסגערופן באַם נאָמען. (טו) איז טאַקע אָנגעקומען דער אופרוף: אֶסְתֵּר־בַּת־אֲבִיחַיִל (אֲבִיחַיִל איז געווען דער פעטער פון מָרְדְכַיְ, וואָס האָט איר פאַר אַ טאָכטער גענומען), זי זאָל צום מלך אַרײַן. זי האָט קיין שום זאַך ניט געבעטן, אַחוץ דעם וואָס ס'טוט נאַראַיען הֵגַי, דעם מלכס סריס דער שׁוֹמֵר הַנָּשִׁים.

ס'האָט זיך געמאַכט, אַז די אסתר האָט חן געפונען באַ די אַלע וואָס קוקן איר אָנעט. (טז) אסתרן האָט מען גענומען צום מלך אחשוורושן אין זײַן בית מלכות, אינעם צענטן חודש, אָדאָס איז חודש טֵבֵת, דאָס איז געווען אין זיבעטן יאָר פון זײַן קיניגן. (יז) און דער מלך האָט גראַדע האָלט געהאַט אסתרן, מער איידער אַלע אַנדערע פרויען, און זי האָט נושא חן־און־גענאָד געווען באַ עם, מער איידער די אַלע בתולות. האָט ער אַוועקגעשטעלט די קרוין פון מלכות באַ איר אַפן קאָפּ, און ער האָט איר באַקיניגט אַפן אָרט פון וַשְׁתִּין, (יח) און ער האָט אַ גרויסע הוליאַנקע געמאַכט פאַר אַלע זײַנע שָׂרִים מיט זײַנע אַרבעטער, אַדאָס איז געווען „מִשְׁתֵּה אֶסְתֵּר": אסתרס הוליאַנקע. און ער האָט געמאַכט אַ הנחה פאַר די מדינות און גענומען דערלאַנגען באַגנעדיקונגען, ממש כְּיַד הַמֶּלֶךְ.



(יט) אַז די בתולות האָט מען אַ צווייטן מאָל געמאַכט אַן אסיפה, און מרדכי איז געזעסן באַם מלכס טויער (כ) (אסתר האָט ניט דערציילט איר שורש און איר פאָלק לויט אָדעם וואָס מרדכי האָט איר אָנגעזאָגט — די אסתר טוט אָדאָס וואָס דער מרדכי הייסט אַזוי ווי דאַמאָלסט ווען זי איז געווען אין זײַן אפּוטרופּסות).

(כא) יענע טעג, אַז מרדכי זיצט זיך באַם מלכס טויער, אָט גייען און כעסן זיך אַקעגן דעם מלך בִּגְתָן און תֶּרֶשׁ, צוויי פונעם מלכס סריסים, שוועל־שומרים, זיי האָבן געוועלט אַזש אַ האַנט לייגן אַף אחשוורוש־המלכן. (כב) מרדכי איז געוואָר געוואָרן, האָט ער געזאָגט אסתר־המלכהן, און אסתר האָט עס אויסגעזאָגט דעם מלך אין נאָמען פון מרדכין. (כג) האָט מען אויסגעפאָרשט דעם ענין, ס'האָט זיך אופגעוויזן, און מען האָט זייביידן אַף אַ בוים אופגעהאַנגען.

און ס'איז אופגעשריבן געוואָרן אינעם ספר „דִּבְרֵי הַיָּמִים“ וואָס פאַרן מלך.









די אַלע זאַכן, האָט דער מלך אחשורוש גענומען און געהעכערט דעם ראַנג באַ הָמָן=בֶּן=הַמְדָתָאן דעם אַגאַגער, און האָט עם גרויסאַרטיק געמאַכט, זיַין אַמט העכער געשטעלט איידער באַ די אַלע שָׂרִים וואָס אַרום עם. (ב) האָבן די אַלע באַדינער פונעם מלך וואָס באַם מלכס טויער גענומען פאַלן כּוֹרְעִים און זיך אונטערבוקן פאַר הָמָנען, ווייַלע אָט אַזויאָ האָט דער מלך אַף עם געהייסן.

מרדכי האָט זיך אָבער ניט געקניט און ניט געבוקט. (ג) טוען אַ פרעג באַ מרדכין דעם מלכס באַדינער וואָס באַם מלכס טויער:

„פאַרוואָס זשע זיַינט איר עובר אַפן מלכס אוקאַז?“

(ד) ס'געוועהן אַזוי, אַז באַם אַ זאָג טאָן עם, אָט אַזויאָ, טאָג=איַין טאָג=אוֹיסעט, און ער אַליין האָט זיך צו זיי גאָרנישניט צוגעהערט, האָבן זיי אָנגעדערציילט הָמָנען, אַ קוק

טאָן זען צי מרדכיס ווערטער וועלן שטאַנדהאַפטיק בלײַבן, ווײַלע ער האָט דאָך זיי געזאָגט אַז ער איז אַ איד. (ה) דערזעט המן אַז ניט מרדכי נייגט זיך, ניט ער בייגט זיך פאַר עם, איז המן אָנגעפילט געוואָרן מיט גרימצאָרן. (ו) נאָר באַ עם אין די אויגן איז געווען אַ בזיון, איינער אַליין מרדכין אָנרירן מיט אַ האַנט, ווײַלע מ'האָט דאָך עם אַ זאָג געטאָן דעם פ אָ ל ק פון מרדכין, האָט זיך אונטערגענומען המן פאַרטיליקן די אַלע אידן אַוואָס איבערן גאַנצן מלכות אחשוורוש. דעם פאָלק פון מרדכין.



(ז) אינעם ערשטן חודש, אָדאָס איז חודש ניסן, אין צוועלפטן יאָר פון אחשוורושן, האָט מען פור געוואָרפן, דאָס זײַנען גורל־שטיינדעלעך, פאַר המנען, טאָג־אײַן טאָג־אויסעט, חודש־אײַן חודש־אויסעט, ביזקל דעם צוועלפטן חודש, אָדאָס איז דער חודש אָדָר. (ח) האָט המן געזאָגט דעם מלך אחשוורושן:

„פאַראַן איין פאָלק אַזאַ, צעזשייט און צעספרייט צווישן די פעלקער אין די אַלע מדינות וואָס אין אײַער מלכוש, און זייערע געזעצן זײַנען אַנדערשט פון אַיעדער פאָלק, און די געזשעטשן פונעם מלך פירן זיי ניט אויסעט; דאַריבער לוינט זיך ניט דעם מלך זיי סאַנעווען. (ט) טאָמער איז באַם מלך גוט, טאָ זאָל אײַנגעסריבן ווערן, אַז מ'זאָל זיי פאַרטיליקן, און טשען טויזנט כִּכָּרים זשילבער וועל איך אָפּוועגן באַ די וואָס פירן אויסעט די מלאכה, כדי עס ברענגען צום מלכס גניזשה“.

(י) האָט דער מלך אַראָפּגענומען זײַן פינגערל וואָס אַף זײַן האַנט און האָט עם איבערגעגעבן הָמָן־בֶּן־הַמְדָתָאן, דעם אַגאַגער, דעם צוֹרֵר הַיְּהוּדִים, (יא) און דער מלך טוט המנען אַ זאָג:

„אָט איז די זילבער, ס'ווערט אײַך אָפּגעגעבן. וואָס שייך אָטאָ דעם פאָלק, מאַכט מיט זיי אַזוי ווי באַ אײַך קומט אויסעט גוט פאַר אײַערע אויגן.“

(יב) האָט מען צונויפגערופן דעם מלכס סופרים, אין ערשטן חודש, אין דרײַצעטן טאָג דערפון, און מ'האָט אופגעשריבן אַלציקעדינג אָט אַזויאָ ווי ס'האָט המן געהייסן די אֲחַשְׁדַּרְפְּנִים פונעם מלך און זייערע אונטערטעניקע וואָס איבער אַיעדע מדינה און

מדינה; און צו די שָׂרִים פון אַיעדן פאָלק און פאָלק, לויט די שריפט פון איטלעכן: אַ פאָלק אַ פאָלק אַף זײַן לשון, אין נאָמען פון מלך אחשוורושן איז דאָס געשריבן און פאַרחַתְמעט געוואָרן מיטן פינגער־זיגל פונעם מלך. (יג) מ'האָט בריוו געשיקט אָמיט די לויפער אין די אַלע מדינות וואָס באַם מלך, אַף צו צעשמעטערן, דערהאַרגענען, און פאַרטיליקן די אַלע אידן, פון אַ אינגל ביזקל אַ זקן, עופהלעך און פרויען, אין אַן איינאײנציקן טאָג, אום דרײַצעטן טאָג פון צוועלפטן חודש, ער איז דאָך דער חודש אָדָר; און די גזילהכץ פאַר זאַקרויב ט'מען אויסכאַפּן. (יד) די פַּתְשֶׁגֶנים פונעם כְּתָב האָט מען ווי אַן אוקאַז אין איטלעכע מדינה און מדינה געגעבן, אָפנבאַרלעך פאַר די אַלע פעלקער, זיי זאָלן באַהאַוונט זײַן וועגן אָטאָ דעם טאָג. (טו) די לויפער זײַנען דרינגלעך אַרויס לויטן דְּבַר הַמֶּלֶךְ, און דער אוקאַז איז געגעבן געוואָרן אין שושן הבירה גופא.

דער מלך און המן האָבן זיך אַוועקגעזעצט אָנזשלאָקען זיך.

פונדעסטוועגן איז די שטאָט שושן אַ מבוהל־געפּלעפטע געבליבן.









וואָס טוט זיך אָפּעט איז מרדכי געוואָר געוואָרן. האָט ער זיך קריעה געריסן די בגדים, זיך אָנגעטאָן מיט זאַק און אַש, און איז אַרויס אינמיטן שטאָט און האָט אַרויסגעשריען מיט אַ געשריי אַ גרויסן, אַ ביטערן. (ב) ער איז אָנגעקומען פאַרן טויער פונעם מלך מיט זײַן אָנטועכץ פון זאַק.

(ג) אין איטלעכע מדינה און מדינה, אַוואו נאָר ס׳איז דערגאַנגען דער דְּבַר הַמֶּלֶךְ מיטן אוקאַז זײַנעם, איז געווען באַ די אידן אַ גרויסע אבילות, מיט אַ תענית, אַ געוויין, אַ קלאָגעניש. אַ סך זײַנען אין זאַק און אַש געלעגן.



(ד) אסתרס בחורטעס וואָס באַדינען איר זײַנען צו איר געקומען, אויך אירע סריסים,

זיי האָבן איר די זאַך דערציילט. די מלכּה איז געווען שטאַרק דערשׂוידערט. זי האָט אַוועקגעשיקט מלבושים מרדכין אָנטאָן, ער זאָל פון זיך אַראָפּנעמען דעם זאַק, האָט ער אָבער ניט אָנגענומען. [ה] האָט אסתּר גערופן הֲתָךְ, פון די סריסים באַם מלך אַוועמען ער האָט געשטעלט פון פאַר איר, און זי האָט עם אָנגעהייסן ער זאָל צוגיין צו מרדכין, געוואָר ווערן ו ו אָ ס איז דאָס, און וואָס א י׳ דאָס?! [ו] איז הֲתָךְ אַרויס צו מרדכין אַפן ברייטן פּלאַץ וואָס פאַרן מלכס טויער. [ז] האָט עם מרדכי דערציילט אַלציקעדינג וואָס ס׳האָט מיט עם פּאַסירט, און דעם סך־הכּל מיט די געלט וואָס המן האָט געזאָגט ער וועט אָפּוועגן פאַרן מלכס גניזה וואָס פון די אידן — פאַר זייער פאַרטיליקונג. [ח] און אַ פּתְשֶׁגֶן־איבערשרײַבונג פון אוקאַז וואָס איז אין שושן אַרויסגעגעבן געוואָרן, זיי אומברענגען, האָט ער עם געגעבן ער זאָל באַווײַזן אסתּרן, איר דערציילן, און איר אָנהייסן קומען צום מלך מיט תּחנונים און צו בעטן זיך פאַר עם פון איר פאָלקס וועגן.

[ט] איז קומט צוגיין הֲתָךְ און דערציילט אסתּרן אָדאָס וואָס ס׳האָט מרדכי געזאָגט. [י] אסתּר האָט הֲתָכְן געענטפערט, און עם געהייסן איבערגעבן מרדכין אָטאָ די ידיעה:

[יא] „די אַלע באַדינער פונעם מלך, און די אַלע מענטשן פון דעם מלכס מדינות ווייסן דאָך, אַז איטלעכער מאַנסביל און איטלעכע פרויספּאַרשוין, וואָס ס׳עט נאָר קומען צום מלך אינעם אינעוויינקסטן הויף, אַז מ׳האָט דעם מענטשן ניט געטאָן רופן, איז איין דין פאַראַן: דערהאַרגענען; אַחוץ דעמענען, אַוועמען דער מלך וועט עם אויסציִען דעם גאָלדערנעם מלכות־שטעקעלע. דער־אָ וועט לעבן. און איך? שוין דרײַסיק טעג אַ קיימא־לן וואָס מען רופט מיר ניט קומען צום מלך.“

[יב] האָט מען מרדכין איבערגעגעבן אסתּרס רייד, [יג] האָט מרדכי אַ זאָג געטאָן אַוואָס מ׳זאָל אסתּרן תּשובה געבן:

„זאָלסט נאָר ניט מיינען באַ זיך אין האַרצן, אַז אינעם בֵּית הַמֶּלֶךְ וועסט זיך אָפּראַטעווען, מער איידער די אַלע אַנדערע אידן! [יד] ווײַלע אויבע דו׳סט אונטערשווײַגן, פּתח־שין־שאַ, דאַמאָלסט וועט אַ פאַרגרינגערונג מיט אַ ישועה זיך אופשטעלן פאַר די אידן פון אַנדערשטוואו, און דו, אינאיינעם מיט דײַן טאַטנס הויזגעזינד, איר׳עט אָנגעוואָרן ווערן.

און ווער ווייס? אפשר בינסטו גאָר פאַר אָט אַזאַ מין צײַט בכלל צו מלכות דערגאַנגען?"

(טו) האָט אסתר אַ זאָג געטאָן אַוואָס מ'זאָל ענטפערן און איבערגעבן מרדכין:

„גיי זשע און זאַמל אײַן די אַלע אידן וואָס געפינען זיך אין שושן. מאַך פון מײַנטוועגן אַ תענית. מ'זאָל ניט עסן און ניט טרינקען, דרײַ טעג, טאָג און נאַכט. איך וועל אָט אַזויאָ אויכעט אָפּפאַסטן, און די בחורטעס וואָס באַ מיר, און אָט דערמיט וועל איך צום מלך קומען, אַוואָס איז ניט לויטן דין. און טאָמער וועל איך אָפּשטאַרבן — איז וועל איך אָפּשטאַרבן."

(טז) איז מרדכי אַף זײַן וועג אַוועק. אַלציקעדינג וואָס ס'האָט עם געהייסן אסתר האָט ער געטאָן.









אַזוי: אַפן דריטן טאָג האָט זיך אסתר אָנגעטאָן מיטן הולך פון מלכות. זי איז געשטאַנען אינעם אינעווייניקסטן הויף פונעם בֵּית הַמֶּלֶךְ אַקעגנאיבער דעם מלכס הויז. דער מלך איז זיך געזעסן אַף זײַן כִּסֵּא הַמַּלְכוּת אין בֵּית הַמַּלְכוּת, אַקעגנ־איבער דעם אַרײַנגאַנג פון הויז. (ב) איז געווען אַזוי, אַז דער מלך האָט נאָר אסתר־המלכהן דערזען, אַ שטייענדיקע אַפן הויף, האָט זי באַ עם אין די אויגן נושא חן געווען, און ער האָט צו אסתרן צוצו אויסגעצויגן זײַן מלכות־שטעקעלע דעם גאָלדערנעם, וואָס באַ עם אין האַנט. אסתר האָט זיך דערנענטערט און האָט אַ ריר געטאָן דעם שפּיץ פון שטעקעלע. (ג) פרעגט באַ איר דער מלך:

„וואָס איז דיר, אסתרקע מלכּה? און וואָס איז דען באַ דיר די בקשה?
ביזקל אַ העלפט די מלוכה, און ס׳עט דיר אָפּגעגעבן ווערן!“

(ד) זאָגט עם אסתר:

„אויבע באַם מלך איז גוט, טאָ זאָל ער קומען נאָך היינט מיט המנען אַף אַ הוליאַנקע וואָס איך גיי פון זיינטוועגן מאַכן".

(ה) זאָגט דער מלך:

„יאָגט עם אונטער, המנען, צו מאַכן לויט אסתרס וואָרט."

זיינען זיי געקומען, דער מלך און המן, אַף די הוליאַנקע אַוואָס ס'האָט אסתר געמאַכט. (ו) זאָגט דער מלך אסתרן בעתן וויין טרינקען:

„אַוואָס איז דיין באַגער און ס'וועט דיר געגעבן ווערן. און אַוואָס איז דיין בקשה, ביזקל אַ העלפט די מלוכה און ס'עט געטאָן ווערן!"

(ז) האָט אסתר געענטפערט, אַזאָגטאָנדיק:

„מיין באַגער? מיין בקשה? (ח) טאָמער האָב איך חן געפונען באַם מלך אין די אויגן, און אויבע ס'איז דעם מלך אַ גוטע זאַך, געבן מיין באַגער און אויספירן מיין בקשה, טאָ זאָל דער מלך קומען מיט המנען אַף אַ הוליאַנקע וואָס איך גיי מאַכן פון אייערטוועגן — און מאָרגן וועל איך טאָן לויטן וואָרט פונעם מלך."



(ט) אין יענעם טאָג איז המן אַרויס אַ פריילעכער און מיט אַ גוטע שטימונג. נאָר וואָדען, אַז ער האָט דערזען, המן, מרדכין באַם מלכס טויער, און ניט ער שטעלט זיך אופעט, ניט ער טוט זיך אַ ריר בכלל, איז המנען פול געוואָרן מיט גרימצאָרן אַף מרדכין. (י) פונדעסטוועגן האָט זיך המן איינגעהאַלטן, און איז אָנגעקומען צו זיך אַהיים און ער האָט געשיקט ברענגען זיינע האָלטהאָבער מיט זֶרֶשְׁן, זיין

וויַב. (יא) און המן האָט זיי דערציילט וועגן זיַן כבוד און עשירות און זיַינע מערערע זין, און וועגן אָדעם אַלעמען אַוואָס דער מלך האָט עם געהויבן און עם געהעכערט אַזש איבער די אַלע שָׂרים און די באַדינער פונעם מלך. (יב) און ער האָט אַ זאָג געטאָן, המן:

„וואַ, אסתר=המלכה האָט קיינעם ניט פאַרבעטן מיטן מלך אַף די הוליאַנקע אַוואָש זשי גייט מאַכן אַחוץ מיר! און אויכעט אַף מאָרגן בין איך גערופן באַ איר אינאיינעם מיטן מלך. (יג) נאָר וואָס טויג עס מיר אַלטשיקעדינג, כל=זמן איך קוק אָנעט דעם אידן, מרדכין, זשיטשענדיק באַם מלכש טויער.“

(יד) טוט עם אַ זאָג זֶרֶש זיַן וויַב, אַזוי אויך זיַינע האָלטהאָבער:

„זאָל מען אַ תליה מאַכן, פופציק אמה די הייך, און אינדערפרי גיי רייד מיטן מלך מ׳זאָל דערוף מרדכין הענגען. אַדאַמאָלסט וועסטע קענען קומען מיטן מלך אַף די הוליאַנקע אַ פריילעכער“.

המנען איז וואוילגעפעלן די זאַך, האָט ער געמאַכט די תליה.









די נאַכט, אַז ס׳האָט זיך דעם מלך ניט אײַנגעגעבן אײַנגעשלאָפן ווערן, האָט ער געהייסן ברענגען דעם „סֵפֶר הַזִּכְרוֹנוֹת דִּבְרֵי הַיָּמִים“, מ׳זאָל נעמען פאַרן מלך און אויסלייענען.

(ב) האָט זיך גראַדע אָפּגעזוכט אַז ס׳שטייט געשריבן אַפדערויף, אַז מרדכי האָט געהאַט דערציילט וועגן בִּגְתָנָא און מיט תֶּרֶשׁ, די צוויי סריסים דעם מלכס, די שוועל־שומרים, וואָס האָבן פּרובירט אַ האַנט לייגן אַף אחשוורוש־המלכן. (ג) איז טוט דער מלך אַ פרעג:

„וואָס פאַראַ כבוד און גרויסקייט האָט מען מרדכין געמאַכט פאַרדערפאַר, אַ?“

האָבן דעם מלכס בחורים די משרתים זײַנע עם געזאָגט, אַז מען האָט עם קיין שום זאַך ניט געמאַכט.
(ד) איז פרעגט דער מלך:

„אַוורידאָ=דאָ אַפּן הויף?“

(המן איז געקומען אַפּן אינדרויסנדיקן הויף פון בֵּית הַמֶּלֶך, דעם מלך אַזוי=צו= זאָגן: אַז מ'דאַרף דעם מרדכין אופהענגען אַף דער תליה וואָס ער האָט עם צוגעגרייט.) (ה) דעם מלכס בחורים האָבן עם אַ זאָג געטאָן:

„אָט שטייט אין הויף המן“.

זאָגט דער מלך:

„טאָ זאָל ער אַרײַן“.

(ו) איז קומט אַרײַנעט המן, און דער מלך פרעגט באַ עם:
„אַוואָס באַדאַרף מען מאַכן מיט אַ מענטשן אַוועמען דער מלך וויל אָפּגעבן כבוד?“

זאָגט זיך המן שטילינקערהייט:

„אַוועמען קען דען דער מלך וועלן אָפּגעבן כבוד מער פון מיר?“

(ז) טוט ער, המן, אַ זאָג דעם מלך:

„אַ מענץ, וואָס דער מלך וויל עם אָפּגעבן כבוד, (ח) איז זאָל מען צוטראָגן בגדים פון מלכוש וואָס דער מלך האָט געהאַט געטראָגן, מיט אַ פערד אַוואָש אַף עם האָט געריטן דער מלך, און אַף וועמעס קאָפּ די קיניגליכע קרוין איז געווען געלייגט, (ט) און זאָל מען די מלבוסים מיטן פערד אָפּגעבן אַדורכן האַנט פון איינעם פון דעם מלכס שָׂרים די פַּרְתְּמִים, און דעם=אָ מענצן, אַוואָס דער מלך וויל עם אָפּגעבן כבוד, זאָל מען די מלבוסים אָנטאָן, און זאָל מען עם אַדורכרײַטן אַפּן פערד אַפּן סטאָטיסן פלאַץ. דערבײַ זאָל מען בפרהסיא אויסרופן: אָט אַזויאָ מאַכט מען אַ מענצן, וואָס דער מלך וויל עם אָפּגעבן כבוד!“

(י) זאָגט דער מלך המנען:

„אַגיכער! נעמט די מלבושים מיט דעם פערד, אַזוי ווי איר׳ט געזאָגט, און מאַכט עס פאַר מרדכי דעם אידן, וואָס ער זיצט זיך באַם קיניגליכן טויער, זאָל קיין שום זאַך ניט אַראָפּפאַלן פון דעם אַלעמען וואָס איר׳ט אָקערשט אַ זאָג געטאָן“.

(יא) נעמט המן דעם לבוש מיטן סוס און טוט אָנעט מרדכין, און פירט עם אַדורך אין שטאָטישן פּלאַץ און רופט פון פאַר עם אויסעט:

„אָט אַזויאָ מאַכט מען אַ מענטשן, וואָס דער מלך וויל עם אָפּגעבן כבוד!“

(יב) דערנאָכדעם האָט זיך מרדכי אומגעקערט צום טויער פונעם מלך.

און המן — ער האָט זיך אַהיים געאײַלט אין אבילות, און מיט אַ צוגעדעקטן קאָפּ. (יג) נעמט ער, המן, דערציילן זֶרֶשְׁן, זײַן ווײַב, מיט די גאַנצע האָלטהאָבער זײַנע אַלציקעדינג וואָס ס׳האָט מיט עם געטראָפן. האָבן עם געזאָגט זײַנע חכמים און זֶרֶשׁ זײַן ווײַב:

„טאָמער סטאַמט ער אָפּעט פון די אידן, אָטאָ דער־אָ מרדכי, באַ וועמען דו בינשט אַרײַנגעפאַלן, ׳עסטע באַ עם ניט קענען געווינען, נאָר וואָדען, פאַלן ׳עשטע גאָר אַראָפּפאַלן פון פאַר עם.“

(יד) זיי האָבן נאָך געהאַלטן אין ריידן, און אָט קומען אָנעט די סריסים פון מלך אָפּפירן המנען אַף די הוליאַנקע אַוואָס ס׳האָט אסתר געמאַכט.





# פרק ז



## א דער מלך

איז אָנגעקומען, מיט המנען, אַף אויס־טרינקען מיט אסתר־המלכּהן. (ב) זאָגט דער מלך אסתרן, אין צווייטן טאָג פון וויַן־טרינקעכץ:

„אַוואָס איז דיַין באַגער, אסתרקע־מלכּה? ס'עט דיר געגעבן ווערן. און וואָס אי' דען דיַין בקשה? אַביזקל אַ העלפט די מלוכה — און ס'עט דיר געמאַכט ווערן."

(ג) האָט געענטפערט אסתר־המלכּה, אַזאָגטאָנדיק:

„אַטאָמער האָב איך חן געפונען אין דיַינע אויגן, אָ מלך, און אויב באַם מלך איז גוט, טאָ זאָל מען מיר שאַנעווען מיַין לעבן — אַדאָס איז מיַין באַגער; און מיַין פאָלק שאַנעווען — אַדאָס איז מיַין בקשה. (ד) וויַילע מ'האָט אונדז פאַרקויפט, מיר מיט מיַין פאָלק, אַף פאַרטיליקן, דערהאַרגענען, אומברענגען. אַז ס'וואָלט זיַין נאָר אַף שקלאַפן און שפחות פאַרקויפט צו ווערן, איז מילא, וואָלט איך דאָך צוגעשוויגן, וויַילע דער שונא האָט ניט די ווערט, אַז דער מלך זאָל פונדאַפון אַ היזק האָבן."

(ה) האָט דער מלך אחשוורוש געטאָן זאָגן, אַפּרעגטאָנדיק אסתר־המלכּהן:

„אַ ו ו ע ר אי׳ דאָס, און אַ ו ו א ו אי׳ דער, וואָס באַ עם איז די האַרץ אָנגעדרודלט אָט אַזויאָ צו מאַכן?“

(ו) ענטפערט עם אָפּעט אסתר:

„אַ חברהמאַן אַ פײַנט, אַ שונא! אָטאָ דער דאָזיקער — המן דער רשע!“

המן איז אַזש אופגעשוידערט געוואָרן פון פאַרן מלך מיט די מלכּה. (ז) דער מלך האָט זיך אופגעהויבן אין זײַן גרימצאָרן פון ווײַן־טרינקעכץ און איז אַרײַן אין גאָרטן פון פּאַלאַץ. המן איז אָבער שטיין געבליבן אַף צו בעטן באַ אסתר־המלכּהן מ׳זאָל עם שאַנעווען, ווײַלע ער האָט אײַנגעזען אַז דער מלך האָט פאַר עם באַשטימט אַ שלעכטיקײַט. (ח) אַז דער מלך איז געקומען אַף קאַריק פונעם גאָרטן וואָס באַם פּאַלאַץ צום אָרט אַוואו ס׳איז געווען די ווײַן־טרינקעכץ, און אָט טוט המן אַ פאַל אַרײַן אין בעט וואו ס׳איז געווען אסתר. איז זאָגם עם דער מלך:

„די מלכּה אײַננעמען באַ מיר אין סאַמע הויז, אַדאָס אויכעט?“

וויבאַלד די ווערטער זײַנען פון מלכס מויל אַרויס האָט מען המנס פּנים באַדעקט. (ט) חַרְבוֹנָה, איינער פון די סריסים וואָס פאַרן מלך נעמט אַ זאָג טאָן:

„וואָזשע, באַ המנען אין דער היים שטייט די תּליה, פופציק אמה די הייך, וואָס המן האָט געמאַכט פאַר מרדכין. מרדכי — וואָס האָט פון מלכס וועגן אויסדערציילט!“

זאָגט דער מלך:

„הענגט עם דאַרוף אופעט!“

(י) האָט מען אופגעהאַנגען המנען אַף דער תּליה וואָס ער האָט פאַר מרדכין צוגעגרייט. באַם מלך האָט זיך אײַנגערואיקט דער גרימצאָרן.









דעם זעלביקן טאָג האָט דער מלך אחשוורוש אַוועקגעגעבן אסתר־המלכהן די הויז פון המנען, דעם צורר היהודים. און מרדכי איז געקומען פאַרן מלך, ווײַלע אסתר האָט עם דערציילט אַוואָס ער איז דען באַ איר. (ב) האָט דער מלך אַראָפּגענומען דעם פינגערל, וואָס ער האָט געהאַט אַף קאַריק גענומען באַ המנען, און עם אַוועקגעגעבן מרדכין. אסתר האָט געשטעלט מרדכין איבערן הויז פון המנען.

(ג) און אסתר איז נאָכאַמאָל אַוועק ריידן פאַרן מלך. זי איז אַראָפּגעפאַלן באַ זײַנע פיס, און האָט געוויינט, און געבעטן מיט תחנונים בטל מאַכן די שלעכטיקײַט פון המן דעם אַגאַגער, און זײַן פלאַן וואָס ער האָט צוגעטראַכט צו די אידן. (ד) האָט דער מלך אַרויסגעצויגן זײַן מלכות־שטעקלע דעם גאָלדערנעם, האָט זיך אסתר אופגעהויבן און איז געשטאַנען פון פאַרן מלך, (ה) און זי האָט געטאָן זאָגן:

„אויבע באַם מלך רעכנט זיך פאַר גוט, און אויבע איך האָב פאַר עם אין די אויגן חן געפונען, און די זאַך איז אַ כָּשְׁרע באַם מלך, און אָט בין איך

אַ גוטינקע באַ עם אין די אויגן, טאָ זאָל אָנגעשריבן ווערן בטל מאַכן די בריוו וואָס ס'האָט צוגעקלערט הָמָן⸗בֶּן⸗הַמְּדָתָא דער אַגאַגער, אַוואָס ער האָט דאָך אָנגעשריבן אַף צו פאַרטיליקן די אידן אין די אַלע מדינות וואָס באַם מלך. (ו) ווײַלע אָט וואָס, ווי אַזוי זשע וועל איך קענען צוקוקן אַף אַזאַ שלעכטיקײַט וואָס ס'טרעפט אָנעט דעם פאָלק מײַנעם? און ווי אַזוי זשע וועל איך קענען צוקוקן אַפן אומברענגען מײַן אָפּשטאַם?"

(ז) האָט דער מלך אחשוורוש געזאָגט אסתר⸗המלכהן און מרדכין, דעם אידן:

„אָט האָב איך אַוועקגעגעבן המנס הויז אסתרן, און עם האָט מען געהאַנגען אַף דער תליה אַלמאַי ער האָט זײַן האַנט געלייגט אַף די אידישע מענטשן. (ח) איז אָט וואָס: איר, שרײַבט זשע אָנעט אָט אַזויאָ ווי אײַך איז גוט אין די אויגן, אינעם נאָמען פונעם מלך, און מיר וועלן עס פאַרחתמענען מיטן מלכס פינגער⸗זיגל, ווײַלע אַן אוקאַז⸗כְּתָב וואָס סײַ ער איז אָנגעשריבן אינעם מלכס נאָמען, און סײַ ער איז געחתמעט מיטן מלכס פינגער⸗זיגל, קען מען ניט פאַרבַּטְלען."

(ט) האָט מען דאַמאָלסטאָ גערופן דעם מלכס סופרים, אָדאָס איז אין דריטן חודש, ער איז דאָך דער חודש סיוון, אין צוואַנציק⸗דריטן טאָג דאַרין, און ס'איז אױפגעשריבן געוואָרן וועדליק אַלציקעדינג וואָס מרדכי האָט געהייסן אין שייכות מיט די אידן: צו די אֲחַשְׁדַּרְפְּנִים, און די אונטערטעניקע באַ זיי, און די שָׂרִים פון די מדינות, פון הודו און אַזש ביזקל כּוּש, הונדערט מיט צוואַנציק⸗זיבן מדינות, אַ מדינה אַ מדינה לויט איר שריפט, אַ פאָלק אַ פאָלק לויט זײַן לשון, און צו די אידן אַף זייער שריפט און אַף זייער לשון.

(י) האָט מען אין נאָמען פונעם מלך אחשוורוש אָנגעשריבן און פאַרחתמעט מיטן מלכס זיגל⸗פינגערל, און בריוו געשיקט אַדורך די פערד⸗לויפער, אָטאָ די⸗אָ — די אֲחַשְׁתְּרָנִים, אַוואָס זיי רײַטן אַף יאָג⸗פערד צוכטיק אויסגעהאָדעוועטע, (יא) אַפדערוף, אַז דער מלך האָט געגעבן די אידן וואָס אין יעדער שטאָט און שטאָט זיך קהלן, זיך אָננעמען פאַר זייער לעבנס וועגן; צו פאַרטיליקן, דערהאַרגענען, אומברענגען די אַלע חיילות פון פעלקער מיט מדינות וואָס פאַלן אַף זיי אָנעט, אַף זייערע קינדער און ווײַבער און וואָלטן גערן זייער רכוש פאַר רויב גענומען — (יב) אין אַן איינאיינציקן טאָג אין די אַלע מדינות וואָס באַם מלך אחשוורוש, אום דרײַצעטן אין צוועלפטן חודש, ער איז דאָך דער

חודש אָדָר; (יג) די איבערשרײַבונג, — דער פַּתְשֶׁגֶן, אַף צו געבן פאַר אַ דין אין יעדער מדינה און מדינה, אָפּנבאַרלֿעך פאַר די אַלֿע פעלֿקער, אָט אַזויאָ אַז די אידישע מענטשן זאָלֿן זײַן צוגעגרייט אַף אָטאָ דעם טאָג, אַ נקמה צו נעמען אין זייערע שונאים. (יד) די לֿויפער מיט יאָג־פערד — די אֲחַשְׁתְּרָנִים, זײַנען אַרויס, געיאָגט און געאײַלֿט אַדורכן דְּבַר הַמֶּלֶךְ, און דער געזעץ איז געגעבן געוואָרן אויך אין שושן הבירה גופא.

(טו) איז מרדכי אַרויס פון פאַרן מלֿך מיט מלֿבושים פון מלֿכות, בלֿאָ־ווײַסינקע, אַ גרויסע גאָלֿדערנע קרוין, און אַ כאַלֿאַט פון איידלֿסטן פורפורנעם פלֿאַקס־שטאָף.

די שטאָט שושן האָט אַזש געשריען פאַר פרייד. (טז) באַ די אידן איז געווען לֿיכטיקײַט און פרייד און גלֿיק און כבוד. (יז) און אין איטלֿעכע מדינה און מדינה, אין איטלֿעכע שטאָט און שטאָט, אַוואו נאָר אַן אָרט וואוהין ס'קומט אָנעט דער דְּבַר הַמֶּלֶךְ מיטן אוקאַז — איז פרייד און גלֿיק באַ די אידן, מ'טרינקט אויסעט, ס'יום־טוב.

אַ סך פון די פעלֿקער פון לֿאַנד האָבן זיך גענומען פאַראידישן, ווײַלֿע אַף זיי איז אָנגעפאַלֿן דער פחד פון די אידן.









צוועלפטן חודש, ער איז דאָך דער חודש אָדָר, אין דרײַצעטן טאָג דאַרינען, אַז ס'האָט געהאַלטן באַם אָנקומען די צײַט פון אַדורכפירן דעם דְבַר הַמֶּלֶךְ מיטן אוקאַז, אָדאָס איז געווען אין טאָג אין אַוועלכן די שונאים פון די אידן האָבן געהאַט בדעה צו געוועלטיקן איבער זיי, און ס'איז פאַרקערט געוואָרן, אַזוי אַרומעט אַז די אידן זאָלן איבער זייערע שונאים געוועלטיקן, (ב) האָבן זיך די אידן געקהלט אין זייערע שטעט אין די אַלע מדינות וואָס באַם מלך אחשוורוש, לייגן אַ האַנט אַף די וואָס קלערן אַף זיי שלעכטיקײַט. קיין שום מענטש איז זיי ניט געשטאַנען אַקעגן, ווײַלע דער פחד זייערער איז געפאַלן איבער די אַלע פעלקער. (ג) און די אַלע שָׂרים פון די מדינות, און די אֲחַשְׁדַּרְפְּנִים מיט זייערע אונטערטעניקע, און די וואָס מאַכן די אַרבעט פאַרן מלך, האָבן זיך געסטאַרעט פון די אידנס וועגן, ווײַלע ס'איז אַף זיי געפאַלן אַ פחד פאַר מרדכין, (ד) מחמת דעם וואָס מרדכי איז אַ גרויסער מענטש געווען אינעם בֵּית

הַמֶּלֶךְ, און דער שם זײַנער גילט אין די אַלע מדינות; אַלמאי אָטאָ דער מענטש, מרדכי, ווערט וואָסאַמאָל גרעסער.

(ה) און די אידן האָבן אין זייערע שונאים געשלאָגן אַ מכה מיטן שווערד, פון טויט און פון פאַרטיליקונג, און מיט זייערע שונאים האָבן זיי געמאַכט אָט אַזויאָ, ווי ס'האָט זיך זיי פאַרוועלט.

(ו) אין שושן הבירה האָבן די אידן דערהאַרגעט און פאַרטיליקט פינף הונדערט מאַן, און (ז) בתוכם:

- פַּרְשַׁנְדָּתָא, און
- דַּלְפָן, און (ח)
- אַסְפָּתָא, און
- פּוֹרָתָא, און
- אֲדַלְיָא, און
- אֲרִידָתָא, און (ט)
- פַּרְמַשְׁתָּא, און
- אֲרִיסַי, און
- אֲרִידַי, און
- וַיְזָתָא,

(י) די צען זין פון הָמָן־בֶּן־הַמְּדָתָא, דעם צורר היהודים, האָבן זיי דערהאַרגעט, נאָר אַפן רויב האָבן זיי קיין האַנט ניט געלייגט.

(יא) אין אָט דעם טאָג האָט מען פאַרן מלך געבראַכט דעם ציפער פון די הרוגים אין שושן הבירה. (יב) איז טוט דער מלך אַ זאָג אסתר־המלכּהן:

„אָט האָבן די אידן אין שושן הבירה דערהאַרגעט און פאַרטיליקט פינף הונדערט מאַן און די צען זין פון המנען, איז וואָזשע האָבן זיי אין די איבעריקע מדינות וואָס באַם מלך געטאָן, אַ? איז וואָזשע איז דײַן

באַגער און ס'עט דיר געגעבן ווערן, און וואָס נאָכמער איז דײַן בקשה, און ס'עט געטאָן ווערן".

(יג) איז זאָגט אסתר:

„אויבע באַם מלך קומט אויסעט גוט, טאָ זאָל מען אויך אָפּגעבן דעם מאָרגנדיקן טאָג די אידן וואָס אין שושן צו מאַכן לויטן דין וואָס איז אַף הײַנט געזאָגט געוואָרן, און די צען זין פון המנען אַוויײַטער הענגען בלײַבן אַף דער תליה."

(יד) האָט דער מלך געהייסן ס'זאָל אָט אַזויאָ געטאָן ווערן, און עס איז אין שושן אַרויסגעלאָזן געוואָרן אַן אוקאַז, און די צען זין פון המנען האָט מען ווײַטער געלאָזן הענגען. (טו) און די אידישע מענטשן וואָס אין שושן האָבן זיך געקהלט אויך אין פערצעטן טאָג אין חודש אָדָר, און זיי האָבן אין שושן אויסגעהאַרגעט נאָך דרײַ הונדערט מאַן, נײַערט אין רויב האָבן זיי זיך ניט צוגערירט.

(טז) און די איבעריקע אידן וואָס אין דעם מלכס מדינות האָבן זיך צונויפגעקהלט, און פון זייער לעבנס-וועגן באַשטאַנען, און אַ מנוחה פון זייערע שונאים דערלעבט, און פון די פײַנטהאָבער זייערע האָט מען אויסגעהאַרגעט זיבעציק-פינף טויזנט, נײַערט אין רויב האָבן זיי זיך ניט צוגערירט — (יז) אָדאָס, אין דרײַצעטן טאָג אין חודש אָדָר; און דעם פערצעטן טאָג פון זעלביקן חודש האָבן זיי זיך אָפּגערוט און עם געמאַכט פאַר אַ טאָג פון אויסטרינקען און פרייען זיך.

(יח) נאָר וואָדען, די אידן וואָס אין שושן האָבן זיך געקהלט — אין דרײַצעטן טאָג וואָס אין חודש א ו ן אין פערצעטן טאָג; און אין פ ו פ צ ע ט ן וואָס אינדערײַן האָבן זיי זיך ערשט אָפּגערוט און עם געמאַכט פאַר אַ טאָג פון אויסטרינקען און פרייען זיך.

(יט) פאַרדערפאַר מאַכן די אידן די צעשפּרייטע וואָס וואוינען אין די אויסגעשפּרייטע שטעט דעם פערצעטן טאָג אין חודש אָדָר אַ שמחה און אַ הוליאַנקע און אַ יום-טוב און מ'גיט שלח-מנות איינער דעם אַנדערן.



(כ) מרדכי האָט געגומען אופשרײַבן אָטאָ די=אָ זאַכן און האָט געשיקט בריוו די אַלע אידן וואָס אין די אַלע מדינות וואָס באַם מלך אחשוורוש, די וואָס זײַנען נאָענט, און אָטאָ די=אָ וואָס העט ווײַט, (כא) זיי זאָלן נעמען אַף זיך מקיים זײַן און האַלטן דעם פערצעטן טאָג אַוואָס אין חודש אָדָר, און דעם פופצעטן טאָג וואָס דאַרין, יאָר=אײַן יאָר=אויסעט; (כב) טעג אַזעטקענע, אַוועו ס'האָבן זיך די אידן אָפּגערוט פון זייערע שונאים, און אין חודש, אַוועו זיי איז פון טרויער, אדרבא — פרייד געוואָרן; און פון אבילות —יום=טוב. מ'זאָל זיי מאַכן פאַר טעג פון אויסטרינקען און פרייד, און שלח=מנות געבן אײנער דעם אַנדערן, און מתנות פאַר אָרעמעלײַט.

(כג) און די אידן האָבן אַף זיך גענומען צו מאַכן אָט אַזויאָ, זיי האָבן די זאַך אין וועג אַרײַן געלאָזן, אָדאָס=אָ, אַוואָס מרדכי האָט זיי אָנגעשריבן, (כד) אַז מחמת דעם וואָס דער הָמָן=בֶּן=הַמְדָתָא דער אַגאַגער, אַ צורר פון אַלע אידן אַף צו פאַרטיליקן זיי, און מ'האָט געוואָרפן גורל (אָדאָס זײַנען דאָך די פור=שטיינדעלעך) אַף זיי צעקלאַפּן און אומברענגען; (כה), נאָר וואָדען, אַז ז י איז געקומען פאַרן מלך האָט ע ר קאָמאַנדעוועט מיט בריוו אַריבערטראָגן די בייזע צוטראַכטעניש, וואָס יענער האָט פאַרקלערט אַף די אידן, אַפן א י י ג ע נ ע ם קאָפּ זײַנעם — און מ'האָט ע ם מיט זײַנע זין אַף דער תליה געהאַנגען.



(כו) דרום האָט מען גענומען רופן אָטאָ די טעג פּ ו ר י ם אַפן נאָמען פונעם פור.

און פאַרדערפאַר, אַפן סמך פון אָטאָ דעם איגרת, און אַוואָס זיי האָבן געהאַט געזען פון דאַרײַן, און וואָס איז צו זיי דערגאַנגען, (כז) האָבן די אידן אופגעהאַלטן און אָנגענומען אַף זיך און אַף זייערע קינדסקינדער, און אַף אָטאָ די אַלע וואָס האָבן זיך צו זיי צוגעאייגנט, אַף ניט פאַרפעלן אַווײַטער אָטאָ די צוויי טעג האַלטן לויט זייערע כתבים, צו דער צײַט, יאָר=אײַן יאָר=אויסעט.

(כח) און אָטאָ די טעג ווערן פאַרגעדענקט און אופגעהיט דור=אײַן דור=אויסעט, באַ אַ משפּחה און אַ משפּחה, אַ מדינה און אַ מדינה, אַ שטאָט און אַ שטאָט.

די־אָ טעג פון פורים זאָלן ניט פאַרפאַלן ווערן צווישן די אידן, זייער געדענקונג זאָל באַ זייערע קינדסקינדער זיך ניט אויסלאָזן.



(כט) דאַמאָלסט האָט אסתר־המלכה, די טאָכטער פון אֲבִיחַיִל, אופגעשריבן, נאָכאַמאָל, מיט מרדכי דעם אידן, דעם גאַנצן תמצית פון אופהיטן אָדעם אִגֶרֶת הַפּוּרִים. (ל) און ער האָט אַוועקגעשיקט אַ בריוו, „דִבְרֵי שָׁלוֹם וֶאֱמֶת“, צו די אַלע אידן אין די הונדערט מיט צוואַנציק־זיבן מדינות, מלכות אחשוורוש, (לא) מ׳זאָל אופהיטן אָטאָ די טעג פון פורים צו דער צײַט, פונקט אָט אַזויאָ ווי ס׳האָבן דאָס פון זייערטוועגן מקיים געווען מרדכי דער איד מיט אסתר־המלכה; און איבער דעם ווי אַזוי זיי האָבן עס געהאַלטן פאַר זיך און פאַר זייערע קינדסקינדער — זייערע תעניתים מיט די אויסגעשרייען.

(לב) און דער פסק פון אסתר האָט געטאָן פאַרפעסטיקן אָטאָ די זאַכן פון פורים, און ס׳איז אינעם ספר אופגעשריבן געוואָרן.









אחשוורוש האָט אַ צינדז־שטײַער אַפן לאַנד און אַף די אינדזלען וואָס אַפן ים אַרופגעלייגט.

(ב) און די גאַנצע מעשה פון זײַן מאַכט און זײַן גבורה, און די פּרשה פון דערהייבונג פון מרדכין, וואָס דער מלך האָט געטאָן דערהייבן, זײַנען זיי דאָך ניט אָנגעשריבן אינעם ספר „דִּבְרֵי הַיָּמִים לְמַלְכֵי מָדַי וּפָרַס“?

(ג) פאַרוואָר, דער איד מרדכי איז געווען אַ שֵׁנִי לַמֶּלֶךְ באַם מלך אחשוורושן, און אַ גרויסאַרטיקער באַ די אידן, און דער המון פון זײַנע ברידער האָבן עם האָלט געהאַט. ער איז געווען אַ דוֹרֵשׁ טוֹב פאַר זײַן פאָלק, און אַ מְדַבֵּר שָׁלוֹם פון אַלע זײַנע קינדסקינדערס וועגן.

סליק




„דער עץ החיים“
געצייכנט: רבקה קאַץ